אברהם פישמאן

# עבאָם פון טרוימען

פארלאג „צוזאמען“
ניו יארק, 1936

די לידער אין דעם באנד, זיינען דער ערשטער אויפקלייב — מיט קליינע ענדערונגען — פון מיינע פארעפענטלאכטע און אויך נאך ניט געדרוקטע זאכן מיינע. געווידמעט צו מיין ליבער פרוי סימע, און מיינע גוטע קינדער, צו מיין חשוב'ן שוואגער דזשעק גרובער, זיין פרוי און זייערע טייערע קינדער, מיט הארציק ווארימען דאנק פאר זייער גוטוויליקייט מיר צו העלפן ארויסגיבן דעם בוך.

אברהם פישמאן.
(א. ש. פיכטנער)

# אינהאלט

# אינהאלט

# פראָסט און פשוט

(במקום הקדמה)

1

כ'זינג דאס ליד אין הארבסט-טאג מיינעם אין פראסטן,
ניט געאיבט אין כאָר אין נגינה ניט געניט;
ווי א שפעטע בלום אין פעלד א פארלאזטן,
פראסט אזוי מיין ריטם, דער טעמפא בלאס און מיד.

2

ניט כ'האב ווערטער אויסדערוויילטע געקליבן,
ניט גאלדיק-פּאָעטיש געמאלט די לידער;
פון פרייד און פיין פון הארץ געפיל—געשריבן,
פשוט אזוי ווי ס'ריידן „אמכא" ברידער.

3

מיין ליד א נשמה קלאנג, א סטרונע ציטער,
פליגלט מיט דער מוזע ניט אין הימלען הויך;
אין יאך אליין דער שאפער א געשמידטער,
ווי אין פעלזן ווענט דער ברויזנדיקער טייך.

4

שפיגלט מיין גורל זיך אפּ אין די טעמעס,
ס'ווארט אפט שווער ווי שטאל, אמאל צארט
אויסגעבלייכט;
דערפאר אין טאן פון מי כ'זינג דרייסט און אמת,
פארקריץ אין יאוש מיין ציל, וואס ניט דערגרייכט.

5

דאס ליד דאס פּראסטע, פּריינט, מיט קלארן דיבור,
איינפאך שטיל געזונגען, פאלקסטימלאך געגראמטט;
דיר מיין ליינער, כ׳ווייס איז נענטער און ליבער, —
ווי דאס פּיסנע קאַרנברויט מיט זאלץ בא׳טעם׳ט.

6

און מעג דער קריטיקער פּאעט פארגרייטן
מיר א שטראף — „טויט שווייגן" — א פּסק, א שווערן,
צי אפילו מיט חוזק פינגער טייטן: —
„אויך שאול רעט ? וואס לאזט ער אונז צו הערן ? . . . "

7

מיט וואָרט פּראָסטן, אַלטפרענקיש, כ׳וואג שרייבן,
טרוימען פון מיין הארבסט אין לידער געשפּונען; —
ניט צו רייזן און לייוויק זיך דערהייבן — — —
אויך ניט צו יונגסטן חבר מיין, וו. יונין.

# שמות

(מיין פריינט, א. פעלדמאן,
רעדאקטאר פון „צוזאמען״)

.1

האב פארהייליקט יעדן ספר
אין מיין פרומען טאטענ׳ס הויז,
אָפּגעהיט די געלע שמות
און אויסגעקושט יעדעס אות.

.2

טאג און נאכט איך פּאָרש און גריבל,
מיט עקשנות׳דיקער התמדה,
אין די ספרים פון אלטן פּולפּול
אין הלכה און הגדה.

.3

צי אנטדעקן טיפע חכמה —
אין ים פון תלמוד זיך געשיפט,
סיתרי-תורה צו אנטפּלעקן
אין קבלה זיך פארטיפט.

.4

שוועב ארום אין ווייטע וועלטן,
אין חקירות זיך טיף פארטראכט;
און א מאט-ליכט פאר די אויגן
באלייכט מיר מיין חושך-נאכט.

.5

ווי אויף פליגל פליען יארן,
פארשווינדן ווייט פון מיין טיר;
און איך פארזונקען אין טרוימען,
האלט נאך ביים אלטן שיעור.

.6

וועב ווייטער חלומות די אלטע,
ספרים, ביכער קלייב און קלייב;
בלעטער אלץ דעם הויפן שמות,
נייע שמות — נייער שטויב.

## יארן מיינע

יארן מיינע, שיינע יארן,
אין דעם עבר ווייט אוועק; —
ווען האָב איך זיי וואו פארלארן
אָן א ציל און אָן א צוועק ?

אן א זיי-געזונט און זעגנען,
שטיל אוועק אין ווייטן וועג;
קיינמאל, קיינמאל וועל באגעגנען
מיינע שטילע, ליבע טעג.

# השארת הנפש

(סאנעט)

ווי א שאטן גייט מיר דער אומעט נאך מיינע טריט,
זינט האָב יונג געזוכט דעם לעבנס-סוד ווי א גלויבער;
שפּעטער פאַרלאָקט מיין אויג פון פרייען וועג דעם צויבער,
פּלאָגט אַלץ מיך דער אומעט מיט וואָרט, וואָס גליווערט
און גלימט:

ס'לעבן איז א טרוים — ווי א אפּגערווישטער יאריד,
די רגע פרייד, דער טראַפן גליק ווי א רויך פאַרשווינט;
דיין געביין פאַרגעסן, נישטיק ווערט ווי שטויב אין ווינט,
ווען פון לעבן קיין זכר — א גייסטיקער — בלייבט ניט.

אזוי באַקלאָגט זיך פאַר מיר, מיין פריינט שוין גרוי און
מיד:
וועט וואָר ווערן מיין טרוים, וואָס כ'שפּין יאָרן
מעת-לעת'ן ?
ס'זאָל ניט אין טויט מיין געדעכיניש זיין פאַרגעסן; —

ס'זאָל מיין גורל—גאָטס געשאַנק—ניט א שטיין צו א סלופּ,
באַלויכטן מיין נאַכט, דעם אייביקן חושך פון גרוב,
ס'זאָל דורות לאַנג לעבן אין אידישן וואָרט און ליד.

# אייביקע סודות

ס'האבן דור נאך דור, אלטע און יונגע פּאָעטן,
שוין אלצדינג פון אוניווערז הערשאַיש באשריבן;
אין ווערק גאָלדיקע, אין לידער ווי פערל געקליבן,
אין פערזן ווייסע און פילפארביגע סאנעטן.

ס'ווארט פון פּאָעט לויטערט ווי נביאות פון פּראָפעטן,
האָט יאוש וואלקנס פון געמיטער טריבע פארטריבן;
האָפנונג און געזעגונג צו דעם מענטשן געגיבן,
ווי די פּסאלמען הייליקע, ווי טעמפל-געבעטן.

ס'זינגט דער פּאָעט נשמה'דיק, ער פלעכט אויך בוקעטן,
דעם חן, דעם בליק דעם מיידלשן, וואס גלוסט צו ליבן;
ער זינגט צארט פון זון און שטערן און הימלען זיבן,
פון מינדסטן שטויב ביז די מיסטעריעזע פלאנעטן.

האָט אפּגעדעקט שוין פון פיל סודות די ראלעטן,
נאר דער זין פון לעבן און דער סוף-גזר דעם טריבן,
נאך אן א באשייד ווי אין נעפל איז געבליבן
א סוד פאר חכמים, נביאים און אויך פאר פּאָעטן.

# מאָדערניסטן

(סאנעט)

אויף מיין דיוואן, רו דורשטיק כ׳ליג א מידער,
פריי פון מי, פון רויש אין די שוויים-פאבריקן;
נאך נשמה שפּייז גארט דאס הארץ זיך דערקוויקן, —
נעם א בוך פון שראנק, א בוך נייע לידער.

לעז פלייסיק ביזקל סוף און הויב אן ווידער,
כ׳בלאנדזש אום אין פערזן ווי אין נעפּל דיקן;
אין לאבירינטן, מאָדנע שווינדל בריקן,
ס׳לאקט יונגער שוואונג, אלטער סטיל שוין דערווידער.

כ׳שאץ אפּ אלטע ווערק ווי אוצרות, אנטיקן,
מער אָבער נייעם פאָרם, נייע אויסדריקן,
וואס דערוואַרט איצט פון די נייע שול ברידער;

ווי ענטוישט עס האָבן מיך מיינע בליקן,
כ׳זע גלגולים מאָדערנע — אָן שום תיקון,
ס׳איז דער אלטער פּזמון אין נייעם סידור.

# באחרית הימים

דער חוזה געזען האָט: ס'וועלן טעג נאָך קומען —
און פעלקער פאַרברידערט אין אייביקן שלום —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווער האָט פאַרשפּאַט די רייד פון באחרית הימים ?
ווער האָט דעם חזיון געמאַכט פאַר א חלום ?

האָבן אותות און מופתים, פאַלשע באַוויזען:
דער צוועק פון דעם מענטשן איז שעכטן און טויטן.
פון סערפּ און אַקער געשמיד שווערדן און שפּיזן,
פאַרהונגערט די פעלקער אויף בערגער פון ברויטן.

אצינד פלאַמט די נבואה ווי די שריפט אין דער נאַכט,
געקריצט אויף דער וואַנט מיט אותיות פון פייער —
ווייל די זעאונג פון חוזה זיי האָבן פאַרלאַכט,
אין יום-הדין באַצאָלן וועלן זיי טייער.

וועלן שניידן זייער פּרוכט אין דער לעצטער שלאַכט,
די וואָס האָבן פאַרזייט די גיפטיגע זאָמען; —
דער ריכטער, דער מאַנער מיט גרים-צאָרן דערוואַכט,
ס'וועט קומען די נבואה פון „באחרית הימים."

# דער ניגון

נאָך קלינגט מיר ליב דעם הארציקן ניגון
דעם זיידנ'ס פון תיקון-חצות צו הערן,
ווי ער פלעגט, שטיל, אין דבקות זיך וויגן
ביים סידור אַלט און געל שוין פון טרערן.

זיין הדרת-פּנים צעשטראַלט, דערהויבן,
אפן ברוסט זיין באָרד ווי זייד ווייס און זויבער;
מיט בטחון זיין געזאַנג, מיט גלויבן,
קלינגט מיר נאָך ליב און הייליק, פול צויבער.

אין ריטם פון תפילות זיינע טענער,
פון טיפן צער פון שווערן דערציילן;
ווי זיין זעל זיין שטים שטייגט העלער, שענער,
אַט שטילער מיט טרייסט ווערטער וואָס היילן.

בין אוועק פון דער היים, ווייט פון דער שוועל,
אין גלות נאָך אייטערן די וואונדן; —
קיין נייע געבויט — די אַלטע א תל, —
איז זיידנ'ס געשטאַלט נאָך ניט פאַרשוואונדן.

לאַנג, שוין לאַנג ער רוט אין זיין קבר בעט,
נאָך זע איך זיין שאָטן שטיל זיך וויגן;
איך הער נאָך אַלץ זיין תיקון-חצות געבעט,
דעם זיידנ'ס הארציקן, ליבן ניגון.

# גוט-וואָך

(באַלאַדע)

### .1

שבת-צו-נאכט. ס'רוט נאָך גערן
די שטוב אין שאָטן פון פארנאכט,
אויבן צינדן זיך שוין שטערן;
אויך אין שטוב ליכטיק נעמט ווערן
פון הענגלייכטער מיט העסעם אכט.

### .2

די באבע אין קאפטן שלייכט אום,
הויבט די הענט בעטענדע ארויף;
זאגט אירע תחינות שטיל און פרום:
„גוטע וואך מיט גליק צו אונז קום
„און צום גלות זאל זיין א סוף."

### .3

הבדלה זמירות זיידע זינגט,
צינד וויין-טראפנס אָן אויפן טיש;
אין קעשענים פלעמלאך ער טונקט,
ציביסלאך פון כוס יעדער טרינקט
און דער האָדעס-בשמים שמעקט פריש.

.4

דער טיש איז ווידער גרייט געדעקט,
ס׳שיינט בריא׳ש ס׳פּנים דער באבעס;
איר צוויקל-באָרש, הייס, אין שטוב שמעקט,
יי׳ש פאר „לחיים חברה״ נאָך קלעקט,
צו דער מלוה-מלכה-שבת.

.5

שוועבט חברה צווישן הימל-ערד,
פארגעסן אלץ — די זארג, דעם יאך;
איז אלץ הבל, ס׳האָט גאר קיין ווערט,
איז חי געלעבט ! ווי גאט באשערט . . . .
— — — — — — — — — — — — —
שוין חצות, ציידעניו — א גוט וואך !

## מיין תפילה

מיין סידור פון טאוועל ביז טאוועל,
הויל בלעטער — אָן אותיות — לער;
אזוי אָן ווערטער ווי א אבל —
מיין תפילה א שטומע, א טרער.

שטראמט פון טיפן הארצן מיין תפילה,
טרער נאך טרער גיסט זיך איבער ברעם;
אן ווערטער מיין געבעט דאס שטילע —
מיט לייטזעליקייט, גאט, פארנעם.

## פון דער אלטער היים

אוונט פארהילט אין גרויע וואלן,
אין שאטנס די גאס, די אלטע שול;
די מויער ביז'ן שוועל מתפללים פול,
יעלות און תפילות דארטן שאלן.

ס'גליען אויף שויבן פון שול-מויער,
זונשטראלן לעצטע, וואס פארשוואונדן;
פון ליכט, וואס פאר קדושים געצונדן,
פון גלות נגונים — בלוט און טרויער.

שוין צאנקן וואקסענע נשמה-ליכט,
דער עולם אין קיטלען, טליתים.
בלאס-געצערט ווי ניט טויטע מתים,
בעט רחמים פון הימלשן געריכט.

נאכט און טאג פארגאנגען, ס'איז נעילה,
ס'בלאזט שופר דער חזן ביים עמוד; —
בייטן זיך מיט טרייסט, שרעק און אומעט,
און ס'ווינשט לשנה טובה זיך קהילה.

# כה אמר

(ביבלישער מאָטיוו)

צום אנדיינק פון מיין פריינט
און לערער, דוד גאָלדשטיין

.1

מיין פאָלק, די קרוין-הערשאַפט, שווער מיט זינד,
וואָס געוועלטיקט דורך מאַכט, רויב און מאָרד; —
נאָך זיצט שטאָלץ אויף פעלזן-שטול אצינד.
נאָר כ׳גרייט די שטראָף, שוין פול איז איר קוואָרט.

.2

דו זיפצט אין יאָך, כ׳הער, ווערסט בייז געשענדט,
אין לאַנד וואָס האָסט גרויס און פעט געמאַכט;
גרויס און רייך דורך מי פון דיינע הענט,
און פעט פון דיין שווייס, דיין בלוט אין שלאַכט.

.3

אוצרות אנגעהויפט מיט אַלבעסטן,
געבויט הייזער פאַר וויסן און רעכט;
זיי שטייען טעמנע, שאַנדע נעסטן, —
דאָרט ווערט אמת אונטערדריקט, פאַרשוועכט.

.4

כ׳וועל זיי פאַרוויסטן גיך, שטיין נאָך שטיין,
ווען פון שייד וועל ציען מיין שווערד;
מיין גרים-צאָרן וועט זייער געביין,
אָפּמעקן פון פנים פון דער ערד.

.5

און דו מיין פאלק וועסט אויפבויען דארט,
אנייע, א שיינע וועלט פאר דיר —
פאר אלע מענטשן וועט לאנד און פאָרט
זיין פריי אָן גרעניץ טויער און טיר.

.6

מענטשן-ליבע, ווי שוועסטער, ברידער,
וועט הויזן פרידלאך אין יעדער לאנד;
דיין מי באגלייט געזאנג און לידער —
וועט ברייננגען שפע פאר יעדער האנט.

.7

ניט מער קיין פעלקער-קריג, מלחמות,
ניט איינער רייך — א צווייטער אין נויט;
מיט געזונטע קערפער און נשמות
איינער פארן צווייטן זיך פלייסט, געטרויט.

.8

יעדער ארבעט געטריי בא זיין פאך,
און געניסט די זעט וואס לאנד פארמאגט;
קיין אויסנאם, קאליר, ראסע און שפראך.
אזוי האָט וואר דער נביא געזאגט.

# דער שלייפער

.1

מיט וואלקנס דער הימל איז גרוי באדעקט,
גאס און הייזער ווי א פעלד קברים; —
גרוילט מאמעס הארץ, פאר קינדער אין גאס, שרעקט,
מאמע היט זיי דורכן שויב פאר שטורעם.

.2

אקול א טרויריוודיק, טריב ווי דער טאג,
רופט ווי זיין גלאק וואס פארקלינגט די גאס;
ווי די בליצן שפריצן פונקען אפן ראג —
פון שלייפשטיין, פון זיין אויג צער און האס.

.3

פון באגינען ביז שפעט, גאס איין, גאס אויס,
ווי האלדז אין פעטלע, — דאס שלייף-געשפאן; —
ער זוכט א ביסן, לויפט אום ווי די מויז,
זוכט פאר קינדער ברויט וואו ס'איז פאראן.

.4

איז היים, שווייסיק דער טאג, צי ווינטיק קאלט, —
ער ברעכט אין לאסט זיך פיס און רוקן;
די נויט אים טרייבט ווי דעם וואלף פון וואלד;
רופט ער און שרייט ביז האלדז ווערט טרוקן:

.5

„א מעסער, האק און שער שלייפן ווער דארף!"
ס'קלעמט זיין הארץ, פון אויגן טריפט א טרער; —
די נויט-פלאג אין הויז שנייט אים טיף און שארף,
און די שלייפמאשין משא איז שווער.

.6

העי שלייפער! מוטיק וועק, רוף אָנאויפהער!
מעסער, האק און שער שלייפן ווער דארף;
ניט קיל די ראד, ניט טריף פון אויג קיין טרער, —
קנאָכן פויסטן וועלט אין פניםווארף, —
האלט גרייט דעם שלייפשטיין, די נויט איז שארף.

## א נס

פון לערע טעג — א לערער בוך —
א פוסטער טאג, א דומע נאכט.
וואס ברייגנט מיר טאג מיט זיין באזוך
ווען א נייער מארגן דערוואכט?

פון פוסטע טעג, א פוסטער בוך —
און ניט א בעסערע די נאכט. —
נאר א נס, — וועמעס צויבערשפרוך
א גוט-מארגן האָט מיר געבראכט.

# איך וויים

קאָלעגע ח. פּלאַטקינען, מיין גרוס

(סאָנעט)

איך ווייס, געדעכט ביסטו, מיין ליבער ליינער,
איך הער ווי דיין בליק וואָלט שטיל געפרעגט, גערעט:
דיין דיכטונג פאר וועמען, דו בלייכער פּאָעט,
געהערסטו מיין שונא, צו ביסטו מיינער ?

איך ווייס, דיין וועג איז א שווערער, פול שטיינער,
קעמפסט מיט א רויבער-מאכט, וואָס איז אזוי שטאַרק,
מיין סימפּאַטי-ליד, פיינע רייד דיר איז קאַרג —
כ'דאַרף מיט דיר אין ריי שטיין ווי יעדער איינער.

איך ווייס ניט איצט די צייט פאר צאַרטע לידער,
ווען אין הונגער-נויט בלוטן מיינע ברידער,
איז ווייניק האַסטיק שעלטן, קריצן ציינער.

איך ווייס האָלסט מיך ווי א פרעמדן, א ווייטן,
ניין, — ברודער, כ'קום דיר העלפן קעמפן, שטרייטן,
דיין פאָן איז אויך מיינע — בין דיינער, דיינער.

# דאס ליד פון זיבן

(צו מיין דערמוטיקער און באלויכטער
אברהם רייזין, געווידמעט)

זיבן ברידער מיט זון אין די אויגן
איינס און איינס, ווי געמאסטן, געוואויגן —
ווי אויף וואגשאל מיט קווינטן און פונטן;
זיבן טעג ביים רודער און פראצע שווער,
יעדער דרייסט ווי א סאלדאט באם געווער —
קעמפט פאר א זאטלעבן א געזונטן.

די ברידער זיבן, מיט חשבון, סדר: —
איינער א שוסטער ,מיט אים דער שניידער,
דער סטאליער, דער מיינער און דער שמיד;
פאראויס דער לערער, ברויט גרייט דער פויער,
זיי די וועלט-זיילן, פון אלץ די בויער;
מאנען פאר מי די לוין: ס'איז רייף דער שניט.

זיבן דערוואכטע מיט מוט און פארשטאנד —
געדריקט פון פאראזיט-קלאס אין לאנד,
וואס רויבט אלץ — נאר נויט איז זיי געבליבן;
ווי זיבן זונען דער קאמף גייט אויף, העלט,
אויף זיבן הונדערט און צען טייזן וועלט
שיינט דער זיג טאג פאר די ברידער זיבן.

# מוליער דזשימי

(סאנעט)

אין זונהארץ בלאנק שפּיזט זיך דער מאנסטער מויער,
דאָך הילן אים איין וואלקנס גרויע ווי מאָך;
זינט דעם רויטן טאג פון טויט, שווער מיט טרויער, —
ווען ס׳האָט מוליער דזשימ׳ן געטראפן דער בראָך.

פאר ווייב, קינדער סקאלעטן שפּאנט ער אין יאָך,
וויקט אין שוויים זיך, אין שטויב פון שטיין און צעמענט;
שעה׳ן לאנג ער ארבעט, שווערע טעג אין וואָך,
שטאק אויף שטאק טורעמען זיינע מידע הענט.

אין היץ ווי א קאלך-אויוון, אין זון זיך ברענט,
ווי דער שנעל שוואונג פון לאסט-ראד שווינדלט זיין קאָפּ,
און פון העכסטן שטאק ער פאלט צום טויט — אראָפּ.
„מערדער, וויפיל לעבנס האָט איר שוין פארלענט!"
שרייט דאס בלוט, פארגאסן אין דעם „האריאָפּ"
און פאר פיל טויזנטער אנדערע דזשימיס נאָך.

# פאר וואס אזוי

האָסט שוין צוגעוואוינט זיך ווי א קברן צום מת,
אז אויף יעדן טריט, יעדע מינוט אין מעת לעת,
נאר קלאגן הערסטו, געוואלדן פון הונגער, נויט;
גלאצן אויגן דיינע שטאר, שילסטו זיך און שפייסט אויס,
טפו, א געלאף! — פאליציי, נאך זיי קליין און גרויס;
„א רויבער געפאקט מיט מילך א פלאש, מיט א ברויט!"

און דיינע בלוטן ווי אייז בלייבן דיר קאלט,
פאר וואס אזוי געשעט ? ווועמעס שולד, געוואלד !

האסט צוגעוואוינט זיך ווי צום לֶיקער דער שיכור,
ווי דער אייזל אין יאך דולדסט זיין אונטערדריקער,
אז פאר מי מאנט לוין דיין מויל, פארשטומט דיך זיין קויל;
ביי צדקה-טירן ציטערט א הונגער מאסע —
לעצטן סענט געריבט, געזעצלאך, האָט שפאר-קאסע
און דו: „וואס פאר א געלאף" גענעצט אוים זיך פויל.

און דיין בלוט ווי א פיש בלייבט אלץ קאלט,
פארוואס זאל דאס געשען, וועמעס שולד ? שריי האלט !

## צום הימל-מענטש

(סאנעט)

ניט רעדט מיר פרום און שטיל פון גאט פון אויבן,
ניט טרייסט פאלש מיך, דו הייליק מאסקירטער תם;
גענוג פארשיכורט האָסטו אונז מיט דיין סם, —
גענוג האָב בלינד פארגעטערט דיך אין גלויבן.

פארגלאצט דיינע אויגן ווי שטארע שויבן,
און שטרעקסט צו גאט ווי מיט כשוף צניעה הענט;
דיין כיטרע ליגן האָט שוין דורות פארבלענט,
נאר ניט מער וועסט אונז פארפירן, באטויבן.

פיל יארן אויף ניסים מיר האָבן געהאפט,
און דו האסט אונז אלס זינדער געהאסט, געשטראפט,
און געבענטשט די רייכע, וואס אונז בארויבן;

איצט קומט א סוף דער דריי-איינקייט, —
מיר צעברעכן אייער שווארצע מאכטיקייט,
אונזער האס פארבלאזט אייך ווי דער ווינט שטויבן.

# מיין טרוים ליד

איך וועב א טרוים, א מאַי ליד שפּין איך,
טרוים פון פרילינג, מיט ווייסן צווייט; —
ווי בארג און טאל צעהעלט, צעגרינט זיך,
דער פּערל-טוי אין מארגן-זון גליט.

כ׳וועב א טרוים, ווי שיין און ליב די וועלט,
אין שלום-באנד איטלאכס לאנד בליט;
אין יעדער האפן פרייד ווי זון העלט
און טריישאפט אין יעטוועדנס טריט.

כ׳טרום—אינמיטן, האמער קלאנג פון שמיד,
צום קריג וואפן שמידט—וועקט ווילד מיך;
פארבט בלוטיק-רויט מיין גאָלדיק מאַי ליד,
און גיפטיק-גרין מיין טרוים שפּין איך.

# רעזיגנאציע

(סאנעט)

פאר מיינע גרויע, וואכיקע טעג און נעכט,
פאר שבת, יום-טוב מיין זעליקייט, מיין רו;
ניט דאנקען דאפאר איך וועל דיר גאטעניו,
ווייל עס וואלט געקענט זיין נאך ערגער ווי שלעכט.

פירסט די וועלט, גאט, ניט מיט יושר, ניט מיט רעכט,
דער צדיק ליידט, דער רשע קריגט גוטן שכר;
דיין גאנצע ערד, גאט, איז איין גרויסער אַלטאַר,
און א שוהט, ווי כפרות, פעלקער שעכט.

וואו א מזבח, בין איך ערשטער קרבן,
כ'ווער בארויבט פון וואס מיט מי האָב דערווארבן,
און דער, וואס דעם נאמען גאט און מענטש פארשוועכט,

לאזט ווילד הערשן, אים טוסטו דערהויבן, —
אָ ניין, כ'וועל דיר ניט דאנקען, ניט דיך לויבן!
ניט מער וועל דיך, גאט, דינען ווי א טרייער קנעכט.

# זיין רו טאג

(סאנעט)

(אין אדם נוקף אצבעו מלמטה
עד שמכריזין עליו מלמעלה)

לופט פרישע פעלט זיינע טשעכאטנע גלידער,
זיין לעצטן טריף-בלוט האָט דער „סלעק" שוין פארצערט;
ליגט אין פארק ער — ווי א טרעמפ אף פייכטער ערד,
ליגט ווי שיכור פון דופט, מוזיק און לידער.

דרימלט איין, טרוימט פון שווארצע-רויטע בילדער,
אין שאפ, אין יאך ער ווערט געשונדן, געשענדט
אין סטרייק געאייניקט הויבן זיך פראצע הענט,
דריקט מיט טרער-מאכט, מיט סקעבס דער באס ווילדער.

וויגט פארק וויגט איין טיף אין טרוים אים א מידער,
הערט: ס'הילכט א זיג-געזאנג פון שוועסטער, ברידער:
דער באָס פאלט!—ס'פאלט א בוים אין ווילד געוויטער;

כאפט זיך אויף — פון רעגן פיטש-נאס זיין געביין,
איילנדיק קראנק אהיים רעוועט ער אין פיין:
מיין טאג פון רו, — וויל אזוי גאט דער היטער ?

# הוליעט שדים

(צו היטלער׳ס אויטאדעפא אין מאי, 1933)

פראטעסטן מיט צארן, פראטעסטן מיט תפילות,
שטורמדיק הילכן אין אלע וועלט-טיילן. —
די פרעסע שרייבט, אנטרונענע דערציילן
שוידער נייעסן — דער פיינט רופט עס רכילות: —
יונקער פאשיסט הוליעט ווי שדים לילית,
ווילד בושעווען די היטלערס, דייטשלאנד׳ס זיילן.

די מיטלאלטלאכע בלוטיקע גרוילן —
ס׳ברענט אף אטא-דעפאס אין לאנד אומעטום,
דייטשלאנד׳ס קולטור, די שענסטע דופטיקע בלום!
האקנקרייצלער אירע בעסטע זין קוילען.
אין בארבארישע תפיסות האלטן זיי שטום —
דייטשלאנד׳ס פרייהייטס קעמפער אין קייטן פוילן.

פלאקערט א וואלד הענט ווי גליאיקע קוילן,
מיט פראטעסטן קעגן דעם ברוינעם הענקער,
מיט פראטעסט קעגן פאשיסט שווארצע דיינקער.
אייער טאג וועט קומען — די טעג מיט ציילן!
מיט פראטעסט קעגן פינאנץ-שד און ביינקער
דאָ הי, אין דייטשלאנד, איטאליע און פוילן.

# ערשטער מאַי

אלע קינדער, אלע אהער,
הענטלאך געשלאָסן ווי רינגען;
אין ראָד ארייַן, מיט האָפּ און קער,
קינדער, לאָמיר אלע זינגען.

אלע קינדער, אלע אהער,
מיט געזאַנג אויף אלע וועגן;
זאָל שטוב און שול בלייבן היינט לער, —
מיר גייען יונגן מאַי אנטקעגן.

אלע קינדער, אלע אהער,
קומט באַגריסן דעם יונגן מאַי;
זאָל יובעלן דער פּאַרק, דער סקווער:
„פרילינג דער יום-טוב פון באַניי!"

זאָל שטוב און שול בלייבן היינט לער,
מיט בלומען, מיט פאָנען באַצירט;
אינגלאך, מיידלאך, אלע אהער!
איינס און צוויי, ריי נאָך ריי, מאַרשירט.

# טויבן

(מיין אכטונג און דאנק
צו נפתלי גראס)

1

קינדער, קינדער הערט א מעשה:
זיבן טויבן האָב איך ווייסע,
טויבן ווייסע, ווייס ווי שניי.

פון די טויבן מיינע זיבן,
זיינען איצטער מיר געבליבן,
טויבן ווייסע, טויבן צוויי.

2

טויבן וואָרקען,, וואָגלען, פליען,
זוכן וועלטן טוט זיי ציען,
נייע וועלטן זוכן זיי.

מעג זיין היצן, מעג זיין קעלטן,
וואָגלען זיי אין ווייטע וועלטן,
ווייט פאַרפליגן זיינען זיי.

3

איך שטיי אויף איין פרי באגינען,
מיינע טויבן צו באדינען,
שפייז און וואסער גיבן זיי.

טרעף איך זיי, מיינע טויבן געסט,
צירקלען רונד-ארום זייער נעסט,
מיינע טייבעלאך — נאר צוויי

4

אין דער פרעמד ערגעץ ווייט אוועק,
זיינען פינף געפאלן אין וועג,
אומגעקערט זיך האָבן צוויי.

וואָרקען, ברומען מיינע טויבן,
פאר די שפייז זיי דאנקען, לויבן,
מיינע טויבן ווייסע צוויי.

# ווער ווייסט

פארלאך גייען שטייף געאָרעמט,
אין בליק אומרו גליט, ליארעמט; —
פון ליבשאפט צו גאר פון פיין ? . . .
דעם סוד ווייסט נאר גאט אליין.

זי איז צארט — ער פעסט און שלאנק,
פון די טריט קלינגט אפ געקלאנג;
פרייד צי לייד, ווער קען פארשטיין?—
דעם סוד ווייסט נאר גאט אליין.

ווי דער פויגל, זעסט, אין שטייג
פלאטערט, טרעלט ווי אויפן צווייג, —
איז דאס געזאנג צי געוויין ?
דעם סוד ווייסט נאר גאט אליין.

נאכן קוק מענטשן גלויבן:
דאָרט לעבן זיך א פאר טויבן . . .
וואס אין הארץ — א סוד הילט איין . . .
דעם סוד ווייסט נאר גאט אליין.

# פרילינג לידער

(סאנעט)

בייזערווינטער איז שוין אוועק,
נאָר אין יעדן רעגנס-פלוך,
הערט זיך נאך זיין טוכלע גרוך;
פון די פוילע שנייאיקע טעג.

פרילינג שפרייט שוין זיין גאָלד אף וועג,
פון זאמען-בלי שמעקט דער פוך;
גריסט יעדער אים מיט דעם שפרוך:
זיי אונז געבענטשט ביז גייסט אוועק.

ניט מער וועט פראסט און אייז דעק,
מיט ווילדן ווינט זיין א שרעק;
א האס אין גאס, אין הויז א פלוך;

ווינטער לאנג שוין איז אוועק,
קומען יונגע פרילינג טעג
דופטיק ווייען מיט צוויט גערוך.

# דער פרילינג

.1

ער פארפעלט ניט דער פרילינג,
דער פרילינג, דער ליבער,
צו זיין תקופה-צייט קומען,
אין אונזערע שטיבער.

.2

אין וואוואלען געשלייערט,
ווי פון חופה א פיר;
מיט פראכט און גלאנץ קומט ער
שטראליק אין ראז קאליר.

.3

אין סוד געהילט פרילינג קומט,
פון ראנדן בונט און בלוי;
געבענטשט מיט פרייד פון באניי,
מיט זעט פון זון און טוי.

.4

ווי דער מכשף פון פינזל
מאלט מיינסטערהאפטע ווערק;
לענדער און שטעט צויבערן
מיט גרינע טאלן, בערג.

.5

פעלדער און וועלדער צעבליט
מיט שפּראָץ פון מאַי-מאָרגן,
אַזוי העלט פרילינג דעם סוד
פון מענטש אויג פאַרבאָרגן.

.6

און מיר מיט גאַסט-פריינטשאַפט ברייט,
עפענען פאַר אים די טיר;
און נעמען אויף ליבן פרילינג,
מיט מוזיק און מיט שיר.

## זאָרגן

זאָרגן ווי גיפטיקע שפּינען,
אין נעץ-געוועב — פאַוויטינען
לויערן, זייער פאַנג סם׳ען
אין וואַנזין פון נויט-קוואַלן,
די שטאַרקסטע ווי פליגן פאַלן, —
זאָרגן פאַרצערט זיי ווי פלאַמען.

זאָרגן בויען ניט — צעשטערן!
דעם מוח און מאַרך איבערקערן —
דער מוט זינקט און צווייפל ווי בליי;
נאָר ווען לעבנסקאַמף גוט געפּלאַנט,
מיט געדולד, האָפנונג און פאַרשטאַנד,
לויכטיקט דיין וועג ווי זון אין מאַי.

# פרילינג

פרילינג יונגער אויף פליגל ווינט
פלאטערט אום אויף טאל און בארג,
מיט טוי און זאפט דופטיק און לינד
שמעקט גרין דער גארטן, דער פארק.

פרילינג צויבערט, ניי-לעבן ברייגנגט
צו פלאנצן, צו מענטש און טיר,
געוועבן פון תכלת צוהענגט.
אף פעלד, אף בוים ביי מיין טיר.

מיט געזאנג פייגל קריק קומען,
צו היימען אלטע, גרייטע;
בליען אויף פעלד פרישע בלומען,
און עפל אין וואלד רויטע.

## זומער אין פּאַרק

אך זומער, דו זומער,
דו מיין וואָר ליד און טרוים;
דיין שיין היילט מיין קומער,
מיין רו דיין שאָטן-בוים.

פאַרצווייגט שטייט צעקאָפּנס,
שיצט מיך זיין סכך בלעטער,
טריפן, טריפן טראָפּנס:
ווארט — לויטערער שפּעטער.

בלומען, זאַנפטע גראָזן,
שמעקן פון טאָל און באַרג;
גלוסט זיך ניט פאַרלאָזן,
ליבן זומער אין פּאַרק.

# הארבסט

(סאנעט)

טריב טרילט זיין ליד דער פויגל אין שטילן וואלד,
ווי א פארביינקטער ער ציקלט זיין געזאנג;
ביינקט נאך גרייטן זומער-זעט און קוואל געטראנק,
נאך זון געבענטשטער נעסט אויף בוים הויך און אלט..

שוין קלייבן זיך פייגל אין וועג אריין באלד,
מחנות-ווייז פארלאזן דעם אלטן זומער נעסט;
איידער ווינטער קומט מיט זיינע ווייסע פרעסט,
מיט שטורם ווינט, וואס רייסט דעם בלאט און בוים פאלט.

זיין געקרווינטן קאפ דער דעמב בויגט אראפ שטום,
אין שטויב ליגט צעפליקט דאס סאמעט-קלייד פון בלום,
הער,—איבערן הוילן פעלד רוישט דער ווינט, ווילד שאלט:

הארעפאשניק, האָט דיין מי לוין פון זומער זעט ?
ווייסט דיין קינד דעם טעם פון האניק און מילך-פעט ?
אזוי פארקלינגט זיין ליד דער הערבסט טריב און קאלט.

# הארבסטיקע ביינקשאפטן

(סאנעט)

אין ריטם פון טריביקן הארבסט און ווינטיקן ברויז,
אין רויש פון שטאט, וואס קאכט ווי א ים מיט שוים;
באנגט אין הארצן, טענער וויברירן געהיים,
פון זומער פרייד, מעלאדיען פון פארם־הויז.

פון פויגל טריל אויף דופטיגן פעלד און רויז,
די לבנה נעכט מיט שטערן־שימער אין רוים;
אין סוד׳יקן וואלד און שאטנ׳דיקן בוים, —
וואו ס׳בליט ליבקייט, וואס יעדע הארץ סודעט אוים.

ס׳וועקט זיך א ביינקשאפט נאכן פעלד־צעלט, דיין רו היים,
וואו לייב בראָנזעט זיך אויף טייכס גאלדיקן זוים,
וואו ס׳לאקט דער בארג קלעטער, און טאלס קילע שוים;

אין טריביקן הארבסט ווי א קאשמארן טרוים,
אין שטאט־גערויש ווי אין א קאכיקן תהום,
ביינקט דאס הארץ, וויברירט מיט טענער טריבע בלויז.

# סוף הארבסט

(סאנעט)

אויף כמורנעם הימל-בעט ליגט הערבסט מסוכן קראנק,
וואלקנס מיט פעסט אויף טעמנע גאסן גיסן;
קרענקן שלעפערס, טרעמפּס, און מענטשן אָן וויסן . . .
דעם קלוגן היט דער אויבערשטער „גאָטצעדאנק."

די אין אנגסט געפּלאגטע און קראנקע שוין לאנג,
זיי צום ערשט קומט הערבסט מיט אנשטעק באגריסן; —
אין יעדן אָרים הויז אן ברויט א ביסן
הוסט און פיבערט קינד און קייט אף טיש און באנק.

ווער אל-דאס-גוטס שאפט דאס לעבן צו פארזיסן,
און אליין ער, קען ניט דאס גוט געניסן,
און פאַרן וויסט-לעבן גיט דעם האר נאך א דאנק;

— אויף אים שפייט הערבסט ווי אויף א שפּין א מיאוסן
גיסט אויף אים פון הינטער הימל'ס קוליסן
מיט חלאת'ן אלערליי, סוף הערבסט געזאנג.

## ווינטער לידער

א יונגן פלאַנץ פרישע בלומען,
דיר א פוס-וואַזאַן געבראַכט;
זאַט מיט ליבע, מיט פאַרפומען
האָט פאַרטאַגט מיין זומער נאַכט.

אוועק דער זומער, — טאָל און באַרג
פאַרשנייט, — איך שוין אַלט און מיד;
פריינט זיינען פרעמד, די ליבע קאַרג, —
קיינער הערט מיין ווינטער ליד.

מיינע לידער — יוגנט קוויטען,
אָפּגעקלונגען . . . אויסגעדופט . . .
ווי פאַרוועלקט גראָז אויף די בייטן
און ווי עכאָס אין דער לופט.

## ווינטער

טרויערט ס׳פעלד נאָך זאַנג און בלום,
דער וואַלד קרעכצט נאַקעט, הויל;
און דער ווינט מיט ווילד געברום
וואַרפט אַן שרעק, קעלט און גרויל.

הויל פון פייגל אַלטע נעסט,
צעלאַפן זיך מיט שרעק;
ביז ווינטער מיט זיינע פרעסט,
וועלן זיין ווייט אוועק.

# שחרית סאָנעט

איבער געבלומטן לאָן, ווייט פון שטויב און שטעט,
וואַרפט מאָרגן-זון פּאַסמעס גינגאָלדיקע האָר;
גליט אויף אַ מילע-מיליאַניקער פעלד-כאָר,
און יעדער שפּילט אַ סאָלאָ, זינגט זיין סאָנעט.

פייגל פיל פאַרביקע: געל, רויט, און בראָנעט,
אויף די דינינקע צווייגאַלאַך זיך וויגן;
סוויפּטשן, טשירקן, יעדעס זינגט זיך זיין ניגון,
ווי האַרף אַקאָרדן, ווייאָלע און קאָרנעט.

שטייט אויף פאַרקערן זיין פּריזבע דער פּויער,
פעלד-כאַר-טענער וועקן, פריידיק, זיין אויער,
די בינען זשומען אויף זייער האָניק בעט;

דער פּורפּור-געבלומטער לאָן דופּטיק, פריש שמעקט,
דער האָן אויף באַלקען קרייעט, די עופות וועקט,
ריכטן אַפּ צום שעפער אַ שחרית געבעט.

# דער הערשער טוט תפילה

(סאנעט)

כ׳קום צו דיר גאט, דינען דיין ליבן נאמען,
מיט קרבנות ווי דער כהן ביים מזבח;
כ׳ווייס: ס׳בלוט פון זינדיקע דיר שמעקט דער ריח,,
וואס כ׳בין מקריב אין מלחמות, פאגראמען.

זע גאט, פעלקער שטייען אויף ברעכן צאַמען,
זיי בונטעווען קעגן אונז זיך און ברויזן;
העלף מיר גאט, דיין שטארקע מאכט זיי צו ווייזן,
זאל פאר דיר זייער בלוט ווי ימים שטראמען.

הערסט מיך תמיד גאט, ווען כ׳קום צו דיין שוועל,
ווען איך ברייננג צו דיר דעם בונטארס בלוט און זעל,
און שיץ דיין קנעכט, און דעם בעטלער, דעם לאַמען;

פאר דיין רצון גאט, איך שארף אויך איצט מיין שווערד,
דעם רעבעלס בלוט וועט זעטן דיך און די ערד
וועל זייען שרעק איבעראל, קברים צלמ׳ען.

## אין פרי-מארגן

אנטקעגן דער פרי-מארגן זון,
ווי דימענט געשליפן דער טוי,
אויף גראזן-גרין, קנאספן האלדז
בלענד ער אין ריינעם ווייס און בלוי.

פון טאל, ארויף בארג, ארום דיר —
קאָרן פעלדער גאָלד און בלומען,
זעסט דעם מארגן-פרי פול צויבער ,
ווײַרוכט קטורת ווי פארפומען.

שא, — האָרך א שירה פארכישופט,
ווי ראָז דורך זונשטראלן אלץ שפילט; —
א פרייד, א אייביקע, די שעה, —
ווען טאג זינגט זיין פרי-מארגן ליד.

## נאכט געזאַנגען

הימלען, סאַמעט בלויע, זיך שפּרייטן,
הויך און ווייט אין דער שטילער נאַכט;
אַ שטערן ווינקט, אַ סוד, דעם צווייטן,
און לבנה האָרכט זיך איין פאַרטראַכט.

דער וואַלד קלעטערט הויך, הערט אויס פאַרטיפט,
ס׳געזאַנג פון טוי ווי זילבער שטויב;
באַרג צעפּוסן, דער טייך רוישט און שטיפט,
זינגט שטיל און קיל צו גאָט זיין לויב.

וועלן וויגן זיך אין וויגל — שוים,
אין גראָז פייער-פליגלאַך בלענדן;
זעסט די וואונדער אויפן וואַר ווי אין טרוים,
וויל זיך גלויבן אין לעגענדן.

ווינטלאַך גלעטן די קעפּ פון בוימער.
בלעטער פלאַטערן ווי פאַנען;
הערסט ווי דער נאַכט-כאָר זינגט אַ זמר,
זיסער פון האַרפן מיליאַנען.

# א גוטע נאכט

ווי א פאקל פלאמט, פלאטערט געקרויזטער קאפּ,
דער צעבלעטערטער קנאספּ פון בלום,
צו דער זון אין פריען אויפקום
פון האריזאנט, פון הינטער וואלד פארבארגן.
שיינט מיט פרילינג חן, הימל ליכט,
גאלדיק לויטער דער בלום׳ס געזיכט,
געוואשן אין קריסטל-טוי פון פרימארגן
און א טרער טריפט פון אירע אויגען אראפּ.

צישן די צארטע, פארבנרייכע בלומען,
יעדן פרי אין גארטן איינזאם פארבלייב איך;
כ׳פראווע שעה׳ן לאנג דארט התבודדות —
כ׳הער גרעזלאך הויכן אוים סודות: —
דער ווינט, דער פויגל און בין מורמלען, זשומען,
און יעדוועדער שארך און פליסטער פארשרייב איך.

פון אלערליי בלומען און קווייטן שלאנקע
וואס וויגן זיך אום געל און בלאס ווי קראנקע; —
שטייט געבוקט, רויטלט זיך די דופטיקע רויז;
אין תפילה איר וויי פאר דער זון גיסט זי אוים:

באשיץ גאט מיין זאנפטיגן פלאנץ,
פון מענטש וועלכער אויף מיר לויערט,
וואס נוצט אוים צו פרייד און טרויער
מיין זאנג פאר א צירונג, א קראנץ.

און באלד ווארפט ער מיך אין שטויב,
גרויזאם מיך טרעטן זיינע פים —
דאס ווייטיקט מער ווי דעם בינ'ם בים,
ד'אס איז דעם מענטשנס לוין און זיין לויב. —

צו מעריב די זון קערט זיך, איר שקיעה גאנג,
פילט אויך בלוטיק מיט, ענטפערט דעם בלומען זאנג:

סאיז א סוד נאטורס וועג —
זוך ניט, פרעג ניט דעם צוועק.
מיר לייכטן, מיר בליען,
מיר פארמערן דעם מין,
דיין טוען איז: א חוב, —
נייער ערשט פון דיין סוף —
אייביק דרייט זיך די ראד,
נישטיק — און גרוים — דער סוד.

די בלום פארבייגט זיך, הערט אוים זאכט,
און זאגט דער זון א גוטע נאכט.

## אין א נאַכטיקע שעה

אויף זילבער-טרוימען, שטראַלן-פליגל,
שוועבט די נאַכט, פלאַטערט זאַנפט אַרום;
איר דוך דו הערסט, דורך טיר און ריגל,
ווי צאַרט געזאַנג: מיט רו איך קום.

רו נאַכטיקע, ווי טוי אויף בלומען,
גאָטס גנאָד פאַרן מידן און שוואַכן;
אויף ווייט-הויכן-בלאָ שטערן קומען,
ווי שאָף, אויף גרין פעלד, אויף פלאַכן.

נאַכט-טאָן פאַרשטילט טאָג רויש, לעשט זונבראַנד,
זילבערט לבנה-קלאַנג און שטערן;
איז ליב זיין אַליין מיט פען אין האַנט,
איז ליב הימל-כאָר צו הערן.

איז ליב, אַליין ביים טיש און ספרים,
זיין פאַרוועבט אין צעשטראַלטן בלאָ;
ווי פאַרכישופט וויברירט דיין אָרים,
און דיין זעל זינגט מיט אין דער שעה.

# פרעגסט

פרעגסט: ווי גייט דיין לעבן פריינט,
— קיין גליקן מיר ניט באשערט,
אָט שטראלט א האפנונג מיר היינט,
לאזט זיך מארגן אוים פארקערט.

ערשט נעכטן איר מילדער בליק
האָט מיך ווי מִיט וויין בארוישט;
צוגעזאגט א וועלט מיט גליק, —
היינט געבליבן בין ענטוישט . . .

אזוי לעב איך ווי אין טרוים,
יאר נאך יאר געהאפט אומזיסט . . .
ס'בלענדן דאס אויג בלעזלאך שוים
און דאס לעבן פליסט און פליסט.

# שעראַן ספּרינגס

(הומאָרעסק)

שעראָן ספּרינגס, דאָס ניו יאָרקער שטעטל ירושלים,
באַרימט איר נאָמען איז מיט נאַטור אוצרות, וואונדער;
מיט וואַסער-קוואַלן, וואָס היילן קרענק — און באַזונדער
מיט רביים, וואָס ווייזן ניסים פון שמים.

אָפּט וואַלקנט פייכטער אַראָמאַט דאָ פון שוועבל זאַלץ,
פון מינעראַלן, וואָס פון וואַלד בערג, הויכע רינען;
ביי די קוואַלן אויפשריפטן פאַר רעצעפּטן דינען:
דאָ שפּרודלט מיט רפואות פאַר אַלעמען און פאַר אַלץ.

גאַנצע טעג, איינאָונצוואַנציק, רייען אינוואַלידן,
טרונקען מאַגנעזי, שוועבל, נעמען טריטמענטס, בעדער; —
אַז די וואַסערן קענען היילן גלויבט אַ יעדער — — —
אַז ס'העלפט צו פּעטע, צו באַניעס, בראָכן און מרידן . . .

דאָ שווימלט זומער צייט ווי אויף אינוואַר יאַרידן,
וואו אַ ווינקל, אַ אַכסניה אַנגעפּראַפּט איז, ענג;
מיט מאַסן, מענשנגעמוזאַכץ, מיט אַלערליי קרענק,
נאָך רפיאות אהער קומען אַלע און ס'רוב אידן.

און ווי כשוף, דורך דעם וואַסער, די חולאת פאַרשווינדט,
ביינאַכט אין יעדן האָטעל מוזיק — מ'טאַנצט און מ'הוליעט;
געזונט און פריש, יונג און אַלט אין ליבע זיך טוליעט . . .
דאָס וואַסער היילט — און מאַכט ריין, אפּנים, אויך פון זינד.

יעדער האטעל אונטער השגחה „סטריקטלי כשר"
מיט א ארון-קודש, באהאנגען מיט „דגל-ציון"
מיט פרומקייט דאס שטעטל שטייגט איבער בעלז און לובלין,
און מיט נסים העלפט עקרות דער צדיק רב אשר.

שעראן ספרינג, בארימט איז דער נאמען אין גאנצן לאנד,
וואס א יאר מער מיט נייע און אלטע חולאים; — — —
ס'קומען גוטע-אידן א כאלאסטרע גבאים,
צבועק און שנארער טאנצט ארום מיט גאט האנט אין האנט.

און דער היימישער שמייסער קלייבט צדקה פארן בינטל, —
אלע נאגן פון קראנקן זיין בלוט-ארימען סענט;
אָ, שעראָן ספרינג! מיט דאנק כ'הויב צו דיינע בערג די הענט,
וואס פריי נאך היילט דיין בוים-שאטן, דיין דופטיק ווינטל.

## באגעגנישן

איך האָב איר באגעגנט אמאל,
ווען יוגנט קלעטערט ארויף בארג;
מיט געזאנג און פריידיקן קול —
און לענדן ווי בא א הירשן שטארק.
פאראויס די לוסטן זיך טראגן, —
יאג און קאן איר ניט דעריאגן.

און ווידער טרעף איך איר אמאל,
ווען קאלטע הערבסט ווינטן בלאזן; —
פון שניטערס האנט, אף בארג און טאל,
אין ריי, געל, ליגן די גראזן; —
הער איך איר שלוקעריץ און קלאגן:
שוין וועט אונז קאָסע דעריאגן.

# ווי א טרוים

צי איז דאס געווען א ווינטל אין מײַ,
וואס שוועבט ווי א חלום אין שטילן פארביי;
צי איז דאס געווען א כשוף, א בלענד,
וואס ווייס ניט זיין אנהויב און ווייס ניט
זיין ענד.

חלומות פארגעסענע, רגע׳ס פון גליק, —
כאטש איינמאל נאך זען אייך אין איינציקן
בליק.

געקומען צושוועבן ווי סודות פון וואלד,
פארהילט אין צויבער ווי א הימליש
געשטאלט,
וואס צינדט זיך אין וואלקנס און
פארבליצט געשווינד,
און לייכט אויף אין ציטער — לעשט זיך און
פארשווינט.

חלומות פארגעסענע, רגע׳ס פון גליק, —
כאטש איינמאל באווייזט זיך אין איינציקן
בליק.

# דיינע אויגן

סודות, טיף פארהילטע געדאנקען,
פון אויגן קלאר ווי גאלד זיי בלאנקען.

דורך אויגן-שויבן ריידן זעלן,
וואס דארט פארבארגן זיי דערצעלן.

פרייד און פיין שפיגלען אפ שארף און קלאר,
דעם טרוים באשיידן ווי דעם וואר.

ווי פון ביכער שטומע אין שראנקען,
שיינט ארוים דעם טרוימערס געדאנקען;

מענטשן-בילדער זעסט: לעבן, ריידן,
זעסט די וועלט: א גהנום, א גן-עדן;

אין די בלעטער, אותיות, שורות,
זעסט: ריינע און מאסקירטע צרות;

ווען דו לעזט די ביכער, פארשסט אין זיי—
אזוי כ׳זע אין דיינע אויגן צוויי.

# אין פּאַרק

אין בלומען-טאָל, דופּטיקן, אונזער בעט,
א דאַך איבער אונז דער הימל בלאָ; —
ס'דוכט שאָטנס סוד'ן זיך, ווי איינער רעדט:
שוין נאַכט — קיין מענטש איז אין פּאַרק ניטאָ.

אין דעם טאָל, דעם גראָזיקן, אַראָפּ באַרג,
מיט מאַשין שאָ ווינטלאַך ווייען;
איז ליב דיר די שטילקייט, די רו אין פּאַרק —
אין טיף נעבלדיקע אַלייען.

איז ליב צו טרוימען פון גליק און תּענוג,
געהאַלדזט, געקושט ביז ענדלאָזן סוד;
אין סוד פון יצירה געליבט און אייניק —
ווי שאַפער — אין שותּפות זיין מיט גאָט.

אין טיפן פּאַרק, אויף דעם גראָזיקן בעט,
איז זיס די רו, די שטילקייט פון נאַכט;
הערסט שאָטנס סוד'ן זיך, ווי איינער רעדט:
דער פּאַרק מיט נייעם מאָרגן שוין וואַכט.

# וואַלד נגונים

איך ליב דעם שטיל-קילן וואלד,
אין זיין שאטן טרוימען;
ביז זונפארגאנג כישופט
אין מערב פורפור רוימען.

הערן פויגלס זיס געזאנג,
זיין זומער-מעלאדי; —
און סאסנע-בוימס אראמאט
טיפע אָטעמס איך צי.

אין טאג ווען זון גליט ווי גאלד,
ווארפט שטראלן ווי פיילן;
ליב איך דעם דופטיקן וואלד
מיין קראנק הארץ דארט היילן.

אין הארבסט ווען דער וואלד פארוועלקט,
פויגל ווייט פארפליען;
אויך דאן כ׳געפין דארט א טרייסט: —
דער וואלד וועט נאך בליען.

פרילינג וועט קומען ווידער,
פריש מיט גרין, דופט און צוויט;
כ׳הער ווידער פויגלס שירה
און איך שפין דארט מיין ליד.

כ׳ליב די קיל-שטילקייט אין וואלד,
אין זיין שאטן טרוימען;
זען נאטורס וואונדער, סודות,
און כ׳קריץ זיי אין ריימען.

## גלייכבארעכטיקט

אויף פיל וועגן געפיינט, אין שטאל-צאמען ווי דערנער,
האט לענדער געפארבט בלוטיק פון זיינע וואנדער טריט
דארט א המן, דא א היטלער — חזרים מיט הערנער —
דם-שונאים זוכן תמיד רק פארניכטן דעם איד.

דאך ווי די אלטע סנה לעגענדע — סימבאל פון איד, —
זיין ליכט ברענט, ניט לעשט אוים און ווערט קיינמאל ניט פארלענט;
פון דא אויסגעווארצלט אויף פרייעם לאנד ליכטיק בליט: —
איינציק פריי מוסטער-לאנד גלייכבארעכטיקט אים דערקענט.

# מיר שווערן

פאַלמען שלאַנקע אַף אַלייען זייטן.
אַ גרין-צווייגן-סקלעפּ דעם וואַל באַדעקט;
מיט ריחות פון קרייטעכער די לופט שמעקט,
ווי די בשמים אין אַפּטייק קלייטן.

אין אַ ווינקל פון פּאַרק, פּאָר זאַלבע צוויי
וואַקסט אויס אַ באַנק פאַר מיין גאַרן בליק,
—דאַ וועט קיינער ניט שטערן אונזער גליק,
דאַ וועל פאַר דיר מיין ליד זינגען פריי.

אונטער די גרינע פּאַרסאַלן בוימער,
שוימט ווי ווײַן אַ סוד פון מויל צו מויל, —
אין די אויגן ווי שטערן גליט אַ קול,
און צום פייער ניטאָ קיין שומר.

זינגען אונז שטראַליג לבנה און שטערן,
קלינגט ווי גאָלד לויטער בלוט אין גלידער;
הילכן ווייט אָפּ די עכאָס פון לידער
און אייביק זיך ליבן מיר שווערן. —

פאַרפלעכטן זיך אָרעמס ווי די צווייגן,
און הערצער ווי צעשפּילטע פלייטן;
פאַרבלענדן דעם לאַמפּן-שיין דעם ווייטן
ביז לעצטער שטערן איז פאַרפלויגן.

# ווי לאנג איך לעב

וואוהין איך זאל מיין בליק ניט קערן,
וואו איך זאל זיך ניט ווענדן,
באטאג מיר זונשטראלן בלענדן;
באנאכט, לבנה און שטערן.

הימל און ערד, די גרויסע וועלט,
אומעטום פרייד און האפן;
מזרח, מעריב, דרום צפון, —
מיט ליבע אלץ זינגט און העלט.

פרייד און ליידנשאפט אין איין געוועב,
מאכט ליכטיק די וועלט, ס׳לעבן; —
גענוס, וועל נעמען וועל געבן,
ווי לאנג כ׳קאן, ווי לאנג איך לעב.

# בין השמשות

דער האָריזאנט געצונדן אין פלאמען,
ס׳פלאקערט אויפן בארג דער ווייטער וואלד;
הימל און ערד, דוכט, ברענען צוזאמען,
דער רויטער שיין ווילד הויבט זיך און פאלט.

די זון נידערט אין פלאמנדיקן ראנד,
ס׳פירט א בלוט-רויטן קאמף טאג מיט נאכט;
און אָט אלץ לעשט אוים ווי א כשוף האנט,
קיין פונק פון פייער, קיין פלעק פון שלאכט.

לבנה ווי א קרע-אייז שווימט טיף אין בלוי,
באגלייט שטערן שימער ווייס און קאלט;
ווי מיט אייז באגלאזט גרינער טאל מיט טוי,
בלויז האליוועשקים שאטנס אין וואלד.

אוונט. צישן הימל, בערג און טאלן,
כ׳שטיי פארגאפט פון בין השמשות פראכט;
וועלכער פען-קינסטלער קען דאס בילד נאכמאלן,
באשרייבן דעם בייט פון טאג מיט נאכט.

# ווען מען ליכטיק איז

ווען מען ליכטיק איז די וועלט,
ווען מען — ווי א תפיסה; —
ווען א פריינט, דער ליבער, פעלט,
און פרייד פון טעג זיסע.

לעשט דער פונק-האפנונג זיך אויס,
וואס אין הארץ טליעט טיף;
הילן אום איר שאטנס בלויז,
טריב ווי א בלונדע שיף.

סס'ט דער צווייפל גרין דאס בלוט,
מיט די לוסט באגערן;
וועט ס'גליק ניט שוין איין מינוט,
ווידער זיך אומקערן ?

און ס'קראנקע הארץ איז פול וואונדן,
ווי אין נעץ געפאנגען;
נאך דעם פריינט: ווייט פארשוואונדן,
גייט זי אויס אין באנגן.

האפנונגסלאז זי ליגט פארגעלט
אין דער לעצטער גסיסה. —
ווען מען ליכטיק איז די וועלט
און ווען מען א תפיסה.

# אויגן

וויפל ליבע בליקן, אויגן אלערליי,
מיט מאגישן חן, מיט פארשפרעכן א סך —
מיין בלוט ווי זון-רויט געצונדן האָבן זיי.
אויגן ווינקען סודות, ווער ווייסט זייער
שפראך.

אויגן בלויע מניען ווי שטערן אין רוים,
מיט לוסטן ברויזנדע ווי א טיפער ים;
אויגן קויל-שווארצע ווי א פינצטערער תהום
לאקן טייפליש מיט ליידנשאפטלאכן פלאם.

אויגן גרויע, פאלשע, באצוויגן דיך שטיל,
פאלן אין זייער נעץ, כ׳ווינש ניט קיין שונא;
ניט טרעפן זאל קיינעם די פיילן אין ציל,
פון די אויגן ווי שפיזן, — בייזע און ברוינע.

אנדערש ליבן דיינע קוואל-ריינע אויגן,
דורך זיידן-וויעס נשמה׳דיק בלענד פון זיי;
ווי דער פארבן צויבער פון רעגנבויגן,
תפילות שטילע זינגען דיינע אויגן צוויי.

# פאר דיך

צו ל. ג. א גרוס—

צילע אויף מיינע לידער,
ווי פערל פון גרונט ים;
טראפנס בלוט, ברויז פון גלידער,
גלי-פונקן פון מיין פלאם.

ווי רויטע קרעלן א שניר,
צירונג פאר האלדז און ברוסט;
מיין ליד א בענטשונג פאר דיר —
וואו דו גייסט, וואו דו רוסט.

ווערטער פאר לידער כ'צילע,
ווי פערל און קרעלן; —
פאר דיר מיין שיר א תפילה, —
כ'זינג אויף דיינע שוועלן.

# אמאל

ווען תמיד געדיינקען,
קיינמאל פארגעסן; —
ס'אָרט וואו מיר זיינען
אמאל געזעסן.

ביים קוואל און בלומען,
אין שאטן פון בוים;
ריחות ווי בשמים
פארשמעקט דעם רוים.

דאס ביימעלע בליט,
דופטיק פריש צעגרינט;
ס'בלוט יונג צעשפילט
לינד קילט עס דער ווינט.

דארט שטייט נאך דער בוים —
אין דופטיקן טאל;
נאר איך טרוים, אלץ טרוים,
פון דער צייט אמאל . . .

## דער טעמפּל

.1

ס׳טרויערט דער וועג צום טעמפּל שוועל,
מיין טעמפּל — דו מיין ליב קינד;
דאָרט מיין טרוים-ליד האָב געשפּינט,
דיך געדינט מיט א ריינער זעל;
ווי צו גאָט דער כהן דינט.

.2

מיין רו ביז שפּעט וועט זיין דיין שוועל,
דאָס ליכט, מיין קינד, וואָס האָסט געצינדט;
וועט ניט אויסלעשן קיין ווינט. —
אייביק וועט מיין זון שיינען העל,
האָב געגלויבט — געליבט דיך בלינד.

.3

איצט טרויערט דער וועג צו דיין שוועל, —
דאָרט טראַמפּלען הפקר-טריט, — זינד;
דאָרט גיפט ווי פון א קוואַל רינט,
דיין טעמפּל-שוועל שמוציק איז, געל,
ווי א פּלויט-בודע פאַר הינט.

.4

צעפּראַלעט האָסטו פרעך טיר און שוועל,
פאַר אומריין-געלט, גרינג פאַרדינט.
דאַפאַר איך רייס אָפּ, איך שינד, —
דיין פּרכת, דיין צוויגעשע פעל, —
דיין פאַראַט איך שטראָף אצינד.

.5

איך פאַרהאַס ווי א שפּין דיין שוועל,
דיין וויסט טעמפּל, דו פאַלש קינד!
מיין טרוים-ליד וואָו כ׳האָב געשפּינט,
נאָר שילטן, צאָרנדיק, איך וועל,
ווי כ׳האָב דיך הייליק געדינט.

# א בריוול

---

ווען דיך, מיין ליב קינד, איך האָב דערקענט,
ווען פאר מיין בליק דיין שיין האָט געבלענד; —
א נייע וועלט האָב איך געוואונען,
אין דיר אן אוצר האָב געפונען.
דאָס האָט דיין אויגנבליק מיר אנטפּלעקט,
צום נייעם לעבען מיך אויפגעוועקט.
דיינע אויגן ווי די ווינטרויבן,
מיט זייער כשוף הערצער רויבן;
ווען זיי פינקלען און ווען זיי לאכן,
מלאכים, שרפים אין זיי וואכן . . .
דיינע לאקן זייד און גאלד געקרויזט,
אויף דיין שלאנקן נאקן — רעגט און ברויזט.
ס'שלאגט רייך א קוואל פון דיין ראזע ברוסט,
פארשיכורט ווי ווייַן אין צינט די לוסט.
דיין שוואונג געפליגעט און צארט דיין טראט,
ווי ריטמיש געזאנג, ווי תפילות צו גאט.
אין דיין געזיכט ווי זיבן זונען,
א גן-עדן ליכט כ'האָב געפונען.
איך ארעם דיך ווילד און ליב דיך בלינד,
דו ביסט מיין איינציק, מיין געליבט קינד.
איך קוש אוים פון דיין אויג יעדן פונק,
אייביק, אייביק, וועסטו זיין מיר יונג.
דו האָסט, ליב קינד מיינס, מיך באזעלט, —
ביסט מיר דער צויבער, די גאנצע וועלט.

# מאמעס נחת

ס'קינד אין וויגל ליגט פארהילט,
שיינען אייגעלאך בלוי און מילד.

צערטלען זון שטראלן און ווינט,
ס'צארט געזיכט פון יונגן קינד.

שטוב איז לער און שטיל די גאס,
טאטע שקלאפט, קינדער אין קלאס;

זיצט מאמע רואיק אצינד,
און וויגט: איי לו לו מיין קינד.

שמייכלען קינד ליפלאך בא'חן'ט,
מאמעס וועלט מיט נחת שיינט;

קושט זי און בענטשט עס געשווינד:
א געזונט דיר, מיין ליב קינד.

## ניי יאָר

ניי יאר אין ניו יארק באנאכט,
ווי ס׳קלינגט אוים צוועלף דער זייגער;
א מאסן-שיסעריי קראכט,
באגלייט דעם אלטן פייגער.

בלאסקען לאמפן, פינארן,
אלערליי ליכט קאלירן;
מענגעם אויף טריטוארן,
ליארמדיקע, מארשירן.

ס׳שיכורן, זשליאקען אלט און יונג,
יעדער שענקער איצט איז מילד;
ווער ס׳וויל שנאפס קריגט פריי א טרונק,
נאר פייף און טאנץ משוגע ווילד.

פייער פלאמען פון שייטער,
אין גאסן ברייטע, ווייטע
און לעשער הוק און לייטער,
קלינגען, יאגן זיך גרייטע.

ניי יאר אין ניו יארק באנאכט,
א אויסנאם פון לענדער, שטעט;
דאס הוליען, זשומען, מ׳זינגט מ׳לאכט,
אין ערגיץ ניט אזוינס מ׳זעט.

## שיינט מיין גורל

(נאָך מיין פריינט דזשייקאָבס׳ן)

אויף די אלטע און נייע וועגן
פון מיין לעבן שווער און הארט;
וואס געקומען איז מיר אנטקעגן,
האָט האפנונג מיך אלץ גענארט.

דאָך יעדן טאג פלייסיק, צופרידן
איך שפּאן אין יאך מוטיק, שטיל;
ניט באזיגט האָט מי מיך א מידן,
כאָטש ניט דערגרייכט כ׳האָב מיין ציל.

אין צופרידנקייט כ׳געפין מיין גליק,
דאס פילט מיין הארץ אן מיט פרייד;
און ס׳שיינט מיין גורל מילד פאר מיין בליק
פון מיין יוגנט ביז אין טויט.

## ווי סטרונעס

ווי סטרונעס-ציטער דורך בויגן,
פון געניטער האנט געצויגן, —
מיט ריטם טענער וויברירן;
אזוי צוקן נערוון מיינע,
ווי פון כשוף פינגער דיינע, —
פילן דיין צארט באריר.

שוימען בלוטן ווי וויין רויטער,
לוסט-געזאנג נעמט קלינגען לויטער,
טריפט פון מויל צויבער לשון;
מיט ליבקייט, וואס בענקט זיך שוין לאנג,
וואס פארוויגט זיס און וועקט אויף באנג
און ווערט קיינמאל אויסגעלאשן.

# אין קעמפּ

(פראַגמענט)

כ'רו ביים פאַרענטש-אָנלען אויף קעמפּ-טעמימענט דאַך.
אין אוונט צוויבער בין פאַרטרוימט, געפאַנגען; —
דער זון-שפּיזיקער טאָג איז ערשט פאַרגאַנגען,
טוי-קיל קומט נאַכט, הערסט איר שאַרף-געווירצטע שפּראַך.

אונטן אַ טייך מיט לבנה גאָלד באַגאָסן,
פאַלדעט ברייט זיך ביים אַלטן וואַלט צעפּוסן;
מורמלט וואָס, פון מאַטע יאָטן ברייינגט גרוסן,
הערסט טרוימענדיק אַלץ מיט אויגן געשלאָסן.

שאַטנס הילן איין האָריזאָנטן רוימען,
פון הימלען בלויע און בלוי-טיפן וואַסער,
קלאָר וואַשן זיך די שטערן רונדיק, בלאַסער,
און כוואַליעס זיגזאַגיש שטראָמען און שוימען.

...

הילכט איבער שטילן וואַלד, באַשטערנטן שליאַך,
פרייד פון טונקלע טענטס, פון טענץ אין העלן זאַל;
דאָרט שפּורדלן לוסטן קרעפּטיק, פריש ווי אַ קוואַל,
און ווינט רוימט איין סודות דעם וואַלד אַף דער וואַך.

וואו דער מאָלער מיט פּינזל, דער קינסלער מענטש?
יעדע שיינקייט דאָ אויסמאָלן באַזונדער; —
די פּראַכטיקע געהיימניספולע וואונדער,
דעם אוונט אויפן קעמפּ טעמימענט דאַך ביים פאַרענטש.

# מעדאלן - דיפּלאָמען

דיפּלאָמען אין גאלד-ראַם, אין שויב,
באַטיטלען אייך מיט כבוד, לויב.

אויך מעדאלן פיין גראַווירטע
אויסצייכנונגען פאַר שטודירטע.

ווי קינסטלאַכע בלומען קראַנצן,
ניט זיי שמעקן, ניט זיי גלאַנצן . . .

אַפּט ערנגייצער זיי באַקומען,
דורך מיטלען — א וועג א קרומען. —

גערימט, גאַט-געבענטשטער טאַלאַנט
איז אָן צירונג אויף ברוסט, אויף וואַנט.

מעדאלן ניט מער באַדייטן, —
ווי די מצבה אויפן טויטן . . .

# פון רעדאקטארס בריוועקאסטן

שאלה:—

פריינט רעדאקטאר, כ׳שרייב ווי צו א באקאנטן,
האָב געשיקט צו אייך לידער ווי בריליאנטן —
פערזן און ריימען, געשלייפטע, געפיילטע,
די זילבן ריטמיש, ווי רענדלאך געציילטע;
געמאכט ווי עס דארף זיין א ליד
זאגט מיר, דאס אלץ טויג נאך ניט ?

א שיר-השירים א נייעם, מיטן טראפּ,
ליבע לידער געשריבן מיט הארץ, מיט קאפּ;
געשיקט נאטור-בילדער גאנצע הויפנס כ׳האב. —
ניט איר ענטפערט ווי מען דארף,
נאר: עס טויג ניט, קורץ און שארף.

איצט שיק איך אייך א פּערל פון מיין פּאָעזי,
כ׳זוך קיין האנער דאפאר, קיין טיטל זשעני; —
יעדער רימט עס — אפילו מיינע שונאים —
און מיט עניוות צייכן זיך פסעוודאנים . . .

תשובה:—

אויף אייער לעצטן ליד, זאגט אונז דער פארשטאנד,
איז געשריבן פון א פּאָעט מיט טאלאנט, —
זיין אמת׳ער נאמען איז א יעדן באקאנט,
און דרוקן עס פארשטעלט — איז א חרפּה, א שאנד.

# לחיים

כ׳האָב פיינט סיי אלטע סיי יונגע נאראנים,
און די וואס טראגן זיך ארום מיט א זויערן פּנים.

כ׳האס די צעקראכענע, צעקוועטשטע געמעכצן,
פאראכט די וואס יאמערן און קרעכצן:
— ווער ווייסט וואס ברייננגען וועט דער מארגן. —

ניט מיט זיי וועל זיצן — זיך זארגן.
דער מארגן מעג זיין פון יאמער א טאל, —
און וואס ניט געווען נעכטן און אמאל,
וויל איך פארגעסן, וויל איך ניט וויסן,
אריינכאפּן וויפל כ׳קען, פון אַלע געניסן!

כ׳לעב און הוליע אין היינטיקן דאזיין, —
פיל אן, פריינט, דעם בעכער רויטן וויין!
גיס אן ווידער, טרינקען לאמיר ביזן דעק, —
לחיים! פון לעבן, איז נאר לעבן דער צוועק.

# זינג מוזע מיין

(צום 35טן יובילײ פון מיין בר. 3, א. ר.)

זינג מוזע מיין, א יום-טוב׳דיקס, זינג.
זינג צו דעם מייסטער פון אונזער רינג.
א רינג האָט געשמידט ארבעטער קהל ,
ווי גינגאלד לויטער, שטארקער פון שטאל;
מיט הארץ און נשמה, ליב און געטריי,
דעם רינג האָט געשמידט, געפארמט ברענטש דריי.

זינג צו מיין רינג א יובל געזאנג,
אין טאן פון שער און האמער געקלאנג.
צו דעם יובל פון דרייסיק-פינף יאר,
די הימן פון אָרדן כ׳זינג אין כאר:
„אלע פאר איינעם" הארציק, געטריי
דער אידעאל דיין נשמה, ברענטש דריי.

זינג מוזע מיין דאס יום-טוב׳דיק ליד.
אזוי ווייטער, מיין ברענטש דעם רינג שמידט,
דער שטראַל פון רינג אף דיין וועג צעשטראל !
ביז זיגן וועט אונזער אידעאַל.

## זיין דערלייזער

(באלאדע)

1

שווין ניט קיין גרינער איז ער אין ניו יארק
מאיר׳ל מיין לאנדסמאן פון שטאט קאליש.
ער האקט שוין דעם רעכטן ענגאליש — — —
ניט מער א פעדלער מיט סחורות אויף בארג;
האָט בארד און ראק זיך קורץ פארשניטן,
זיין נאמען אויף מארטין געביטן —
און נאר „גאלד שארן״ איז זיין גאנצע זארג.

2

ניט ארבעטן איז געקומען א הער
דער יחסן, דער קרעמער פון דער היים,
ניט שקלאפן: קלייבן שטרוי, קנעטן ליים,
שלעפן זיך מיט א פאק ווי א בארג שווער;
דאס פאסט פאר יענעם: דעם פראסטאק, דעם כלאפ,
ביזנעס פלאנט ער, מארטין דער דריי-קאפ;
רייכטום זאמלען, ווערן א מיליאנער.

3

בלענדן שילדן, לאמפן שיין ווי לבנות, —
און גאלד שריפט אין געדריי ווי א שלאנג,
רעקלאמירט: „אווערבאך ליי און שפאר באנק״
דא פאנגט ער פון בידנעם קלאס קרבנות,
אהער קומען קליינהענדלער בארגן —
שפארן א סענט פאר שלעכטן מארגן:
ארבעטער און פעדלער און אלמנות.

## 4

ווערט מארטין אווערבאך רייך, א לענדלארד,
א כיטרע יונג — א פאליטישן;
איז מיט כל טוב פעט זיינע טישן;
איז מילכיק איז פליישיק, וואס נאר אין קארט.
הוליעט און זויפט וויין מיט זינדיק ווייב,
בייט די טייפ-מיידלאך ווי ס׳העמד פון לייב —
ווער סע זעט זיין לוסט פון נידריקסטן סארט.

## 5

גלאנצט אויבנאן ביי די פעטע בייכער,
פרעזידענט פון לאדזש „פרעס און זשליאקע"
זוכט כבוד, לויב פאר ברעקלאך צדקה
וואס סע ווארפט צום ארימאן דער רייכער.

— — — — — — — — — — — — — — —

נאר אָט נעמט דאס רעדל זיך דרייען קריק,
קריזיס קומט און שטיקט ווי הענקער שטריק
איז פון די פעטע יאר באלד קיין זכר.

## 6

זיצט מארטין וויסט, רעדט צו זיך, צום שאטן . . .
„אונזערע מענטשן מאכן פליטה . . .
„מיסטער גאלד און זילבער שוין טויטע —
„פירמעס פארשווינדן, מ׳הערט רק באנקראטן.
„עס קראכן ביינק, וואלסטריט געשלאסן,
„מ׳הערט אפט פון זעלבסט-מארד, זיך געשאסן,
„און ווער אין תפיסה פוילט ווי פארשאטן.

## 7

„אויך מיין סוף איז נאנט, ס׳ווייזט שוין דער זייגער . . .
כ׳הער ס׳קול: מארטין אווערבאך באנקראט —
„און פינגער טייטלען מיט שאנד און שפאט —
„וועט פעדלען איצט אין אייגענע הייזער . . . ״
סטארטשעט מארטינס בליק מיט וואנזין און גרויל,
אויף זיין רעוואלווער מיט שארפער קויל . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ס׳קנאלט ווי א בליץ אוים זיין דערלייזער.

∴

ס׳וועבט א שטראל פון זעכציק און מער פארבן
טרייסט דעם הערבסט-גרוי מיט טריבע בליקן:—
ניט אלץ וועט אין הבל פארגיין, שטארבן, —
ווער ס׳זוכט לעבן, מיין ליכט זיין תיקון. ——

מעג דער לעבנס-וועג זיין שווארץ ווי תהום׳ען, —
דיין זעל-גליק, אין וואָרט דויער, ווייט בלענדט, —
אין די הערבסטיקע עכאָס פון טרוימען,
דיין שכר — א טרייסט און א מאנומענט.

